ק. סטאניוקאוויטש.

# פאר דעם „שוואכינקן“

יידיש — ז. גראָסמאַן.



פארלאג „קולטור־ליגע“ ביאַליסטאָק.

1 9 2 1.

№ 32

דרוקעריי מישאנדזניק ביאליסטאק, ליפאווע 25.

ק. סטאניוקאוויטש.

דר. י. א. מעריסאן

# פאר דעם „שוואכינקן"

פון דער סעריע: „ים דערציילונגען".

איבערזעצט ז. גראָסמאַן.



פאַרלאַג „קולטור-ליגע" ביאַליסטאָק.

1921.

№ 32.

דרוקעריי מישאנדזעניער.




— № 32 —

# —DLA SŁABIEGO—

Powieść

K. Staniukowicza

Wydawnictwo
„Kulturalno-Oświatowe"
w Białymstoku.

Drukarnia Miszondznik...
Lipowa, ...

# פאר דעם „שוואכינקן,"

אין דער סודותפולער טונקלקייט פון דער טראָפּישער לבנה־נאַכט איז געשווומען א מלחמה זעגל־שיף.

זי איז געשווומען צו דרום, ליכט שאָק־לענדיק זיך און האָט מיט איר שארפן נאָז אדורכ־געשניטן די לייכטנדיקע וואַסער.

אויף די דריי מאסטביימער פון שיף זיינען געווען אָנגעצויגן אַלע זעגלען. ס'האָט געבלאָזן אַ גלייכער, ווייכער מזרח־ווינט און די שיף האָט זיך לייכט און שיין געהויבן פון כוואליע צו כוואליע דורכמאכנדיק 12 קילאָמעטער אַ שעה.

ס'איז געווען אַ וווּנדערלעך־שיינע נאכט.

דער אַטלאַנטישער אָקעאַן, וואָס איז זייער רויק אין אָט די מקומות פון אייביקן פאסאט,*) האָט ווי געדרימלט און ליבלעך מעכטיק געקייקלט זיינע כוואַליעס, באַגאָסן מיט זילבער־שיין פון דער

*) דער מוהדיקער ווינט אין די טראָפּישע לענדער.

פולער לבנה. און די לבנה האָט אַראָפּגעקוקט פון סאַמעטענעם הימל, וואָס איז געווען באַזייט מיט בריליאַנטענע, מילד-פינקלענדיקע שטערן. פון אָקעאַן האָט געווייט מיט אַ צאַרטער קילקייט. אַרום איז שטיל.

דער וואַך-אָפיציר, אינגאַנצן אין ווייסן, מיט אַ פונאַנדערגעשפּילעטן קאָלנער פון בלוזע, איז זיך אַרומגעגאַנגען איבערן בריקל און האָט באַקוקט דעם האָריזאָנט: זעט זיך ניט אַפּטער אַ שטורעם-וואָלקנדל אָדער באַמערקט זיך ניט אַן אַנטקעגנקומענדיקע שיף. פון צייט צו צייט פלעגט ער אויסשרייען: קוק פאָרויס!

—דאָ! מיר קוקן—פלעגן ענטפערן 2 שטימען מיטאַמאָל און ווידער שטיל.

די גאַנצע אָפּטיילונג וואַך-מאַטראָסן איז גע-ווען אויף די ערטער. כדי זיך ניט אונטערגעבן דעם שלאָף, פאַרקלייבן זיך די מאַטראָסן גרופּעסווייז און פירן צווישן זיך פאַרשיידענע שמועסן. מ׳דערמאָנט זיך אָן דער היים, מ׳דערציילט זיך מעשיות און מ׳בייט זיך מיט קריטישע מיינונגען, אָפּטמאָל גאַנץ בייסיקע, וועגן דעם קאַפּיטאַן, וועגן עלטסטן אָפיציר, וועגן דאָקטאָר און אַנדערע.

און דער צוציענדיקער דרימל גנבעט זיך אזוי שטיל, און פאמעלעך אין דער ווייכקייט פון דער וואנדערלעכער נאכט און איבם נחתדיקן וויעין פון צארטן אָפּפרישגדיקן ווינטעלע. און ס'וואָלטן געוויס איינגעשלאָפן די מאַטראָסן, ווען אויף דער וואַך וואָלט געשטאַנען אַן אַנדער אָפּיציר, ווייל דאָ איז שטענדיק אַזוי שטיל און רויק, אז די מאַטראָסן האָבן כמעט גאָרניט וואָס צו טאָן. נאָר בעת אָט דער אָפּיציר שטייט אויף דער וואַך דאַרף מען זיין זייער פאָרזיכטיק. ער איז אַ רשע. די מאַטראָסן האָבן אים טאַקע אַזוי אַ נאָמען געגעבן: „דער רשע". ער גנבעט זיך אונטער, ווי אַ קאַץ, און ווי נאָר ער דערזעט אַ דרימלענדיקן מאַטראָס שלאָגט ער אים מכות רצח. ער שלאָגט מיט אַזאַ מין אַכזריות, אַזוי ווי ס'וואָלט אינדערמאַטן געווען אַן אומגליק, וואָס דער מאַטראָס כאַפּט אַ דרימל, כאָטש ער איז גרייט אַלע מינוט אויפכאַפּן זיך. און די מאַטראָסן ראַנגלען זיך מיטן שלאָף און קוקן הינטערוויילעכס אויפן בריקל, וווּ עס שפּרייזט אום דער רשע.

—אוי, סאַראַ מאַכלע, חברה! ווי גוט עס'איז!—
האָט זיך דערהערט אַ ווייכע, האַרציקע שטימע.—
אַזעלכע נעכט ווערט איר אין אונזערע מקומות ניט

אָנזען... סאראַ מחיהדיקע וואַרעמקייט... און די שטערנס... זע נאָר, ווי זיי זײַנען איבערן. גאַנצן הימל צעזייט... און דער אָקעאַן איז אַזאַ ליבלעכער, נחתדיקער... ס'איז פשוט זיך ניט אָפּצוקוקן!

— אזוינע רויקע ערטער איז גיטאָ קיין סך. וואַרט, מירן אַרויסגיין פון די טראָפּיקעס, מיר וועלן נאָר אַרײַנגיין אין אינדישן אָקעאַן... וועסטו שוין וויסן וואָס הייסט זײַן אַ מאַטראָס!—האָט געענטפערט אַ צווייטער מיט א הייזעריקן באַס-קול.

— ס'איז עפּעס מוראדיק אין אינדישן?

— פטור נו, נאָך ווי מוראדיק! דיר, גוטער ברודער, וועט זײַן גאָרניט פויגלדיק. ניט פאַר דיר איז צו דינען אין פלאָט. דו, מיט דײַן בלאַסן פּנימל און מיט דײַן אויסגעדאַרטן גופל וואָלסט געדאַרפט אויפן פידל שפּילן און מער גאָרניט. אָבער דאָרטן, ווי נאָר עפּעס, גלײַך דערהערסטו אַ כעסדיקן אויס-געשריי פון באַצמאַן:*) „אַלע אינדערהויך!" דאָ דאַרף מען דער שיף אַן אנדער ריכטונג געבן, דאָ מוז מען די זעגלען אראָפּנעמען אָדער גאָר די שטורעם-זעגלען אויסשפּרייטן. און דו, ברודער-לעבן, ביסט גאָרניט פון דעם פאַסאָן. ניט אומזיסט רופט מען דיך „דער שוואַכינקער" - דו ביסט טאַקע אַזאַ.

*) אַן עלטערער מאַטראָס.

דער דאָזיקער מאטראָס, וואָס מ'האָט אויף דער שיף גערופן „דער שוואַכינקער" און קיינמאָל ניט ביי זיין אמתן נאמען, איז געווען א קליינינקער, דינינקער בחורל, מיט אן איינגעפאַלענער ברוסט, אַ בלייכן פנים און מיט א מילדן, א ביסל דער־שראָקענעם בליק.

אָט דער יונגער מאַטראָסל, וואָס האָט געשטאמט פון דאָרף, ווו ער איז אַ פאַסטוך געווען, האָט זיך בשום אופן ניט געקאנט צופאַסן צום שווערן, סכנותדיקן לעבן פון ים־דינסט.

ער האָט זיך מיט אַלע כוחות באַמיט צו ווערן אַזאַ בראַווער מאטראָס, ווי די איבעריקע, אָבער דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. אים האָט געפעלט דער פיזישער כוח און די ספּעציפיש־מאַטראָסישע אומדערשראָקנקייט.

דער צווייטער איז געווען אַ געזונטער, פעסט־געבויטער מאַטראָס פון א יאָר 40. ער איז געווען טיילוויז גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז דער שוואַכינקער טויג נאָר צום שפּילן אויף אַ פידל. יענער האָט טאַקע באמת געשפּילט און געשפּילט האָט ער מייסטערהאַפט, אָבער ניט אויף אַ פידל, נאָר אויף אַ האַרמאָניק, און מיט זיין שפּילן פלעגט

ער פארשאפן גרויס פאַרגעניגן אלע מאַטראָסן, באַזונדערס אָבער אָט דעם שטאַרקן, געניטן מאַטראָס, לעאנטיען. צוליב דעם, מן הסתם, האָט זיך לעאָנטי זייער גוט באַצויגן צום יונגן מאַטראָסל און האָט אויף אים רחמנות געהאַט. און ניט נאָר לעאנטי, נייערט אַלע מאַטראָסן האָבן זיך צום „שוואַכינקן“ באַצויגן ווייכער.

אַפילו דער באצמאַן פעאדאסיעוו, אַ מענטש מיט אַ „שווערער האַנט“, פלעגט אויך ניט אויסנוצן זיינע קנילערשע שטיק אויפן שוואַכינקנס ציינער. אויב ער פלעגט אים אפילו יא דערלאַנגען, איז דאָס נאָר געווען גלאַט אַזוי, „צוליב אָרדענונג“, אָבער אָן שום סימן פון אַכזריות.

— פאַרשטייט איר מיך — פלעגט זיך דער באַצמאַן פאַרענטפערן — ס׳קאָן נאָך פון אים די נשמה אַרויספליען, אויב מ׳זאָל אים ווי געהעריק ארײַנקאַטעווען...

און וואָס קען מען צו אים האָבן משטיינס געזאָגט...

ער סטאַרעט זיך אַפילו, אָבער וואָס פאַר אַ מאַטראָס איז ער! — פלעגט פעאדאסיעוו צוגעבן מיט אַ מינע פון פאראַכטונג.

— אַ שרעקעדיקער ביסטו, שוואַכינקער,—האָט געטענעט לעאַנטי.

— אוי, ווי איך האָב מורא, ברודערל!—האָט דער שוואַכינקער אָפּגעענטפערט ווי א פאַרשולדיקטער.

II.

דער זייגער האָט געשלאָגן 2.

— דיזשורנע, פאַרבייטן!—האָט דער באַצמאַן אויסגעשריען.

— דאָ! — האָבן צוויי שטימען גלייכצייטיק געענטפערט.

פון אַ גרופּע מאַטראָסן, וואָס זיינען געזעסן ביים האַרמאַט, און געפּלוידערט, האָבן זיך אָפּגעטיילט 2 — לעאַנטי און „דער שוואַכינקער."

דער באַצמאַן האָט מיט אַ שטרענגן טאָן פון אַן אויבערהאַר זיך געווענדעט צו זיי:

— אויפמערקזאַם קוקן פאָרויס!

— גוט, מיר ווייסן,—האָט פויל אָפּגעענטפערט לעאָנטי, אַ ביסל פאַרוואונדערט, וואָס דער באַצמאַן געפינט פאַר נייטיק צו מאַכן אים, דעם אלטן, אויסגעפרוווטן מאַטראָס, אַ באַמערקונג וועגן אַזאַ קלייניקייט.

— דו, אלטער תרח, ווייסט, אָבער יענער... הײַ, שוואַכינקער!

— דאָ!—האָט אַ דערשראָקענער דער שוואַכינקער געענטפערט.

— מיט ביידע אויגן קוקן, און אויב איר וועט עפּעס דערזען, זאָלט איר ביידע גלײַך אַ געשריי טאָן, הערסט?

— דאָ! כ'וועל קוקן!

— זאָלסט ניט אײַנשלאָפן, נאַרישער קאָפּ. ווייסט, ווער איז אויף דער וואַך?

— „דער רשע", הער פּעדאַסיעוו.

— וועסט פאַרשפּעטיקן אויסשרײַען, וועט ער הייסן דיר אַרײַנפּײַפן. וואָס וועט פון דיר דאַמאָלסט בלײַבן?

— כ'ווייס ניט! — האָט דער שוואַכינקער אַ צוציטערטער אויסגעמורמלט.

—אַ סקעלעט וועט פון דיר בלייבן, אָט וואָס!

—וואָס האָסטו זיך אײַנגעגעסן אין דעם יינגל, לאָז אים אָפּ, מ'וואַרט דאָך אויף אונז,—האָט לעאָנטי באַמערקט.

ביידע מאַטראָסן זײַנען אַוועק צום נאָז*) צו.

*) דער פאָדערשטער טייל פון שיף.

— א ציגל אַ ביסל ביים באַצמאַן, זאָל זי אים נאָר אָפּדאַרן, ריבונו של עולם! -- האָט לעאָנטי, מיט פּעס אַרויסגערעדט און האָט זיך פאַרקוקט אויף דער גלאַנציקער אויבערפלאך פון אָקעאַן.

געקוקט האָט אויך דער שוואַכינקער און ער איז פארשטיינערט געוואָרן פון התפעלות. אַזוי שיין איז געווען די זילבערנע ים־ווייטקייט.

ער איז געווען פאַרכישופט אי פון דער נאַכט־פּראַכט, אי פונם הימל, וואָס האָט געפינקלט מיט מיליאָנען שטערן, אי פון סודותפולן, ליבלעך־רוישנ־דיקן אָקעאַן.

קינדווייז, בעת ער איז אַ פּאַסטוך געווען, פלעגט ער זיך אָפּט אזוי פאַרקוקן אויפן הימל, אויף דער לבנה און די שטערנס, און איצט האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער באַטראַכטונג פון דער פארכישופנדיקער נאַטור. ער איז געווען אַדורכגע־דרונגען מיט אַ שטאַרקן געפיל פון התפעלות און גלייכצייטיק געשפירט די דערהויבנקייט און מעכ־טיקייט פון דער נאַטור. ער האָט ניט געהאַט קיין ווערטער אויסצודריקן זיינע געפילן, נאָר זיין אויפ־געטרייסלטע פילבאַרע נשמה האָט דערשפירט עפּעס גרויסעס און שרעקלעכעס.

עטלעכע מינוט האָט געדויערט דאָס שטיל־שווייגן.

לעאנטי איז געזעסן אויף זיין אָרט, האָט אַלע רגע א קוק געגעבן אויפן האָריזאָנט און זיך גע־טראַכט: ווי גוט וואָלט עס געווען איצט כאַפּן אַ דרימל! ער האָט שוין געוועסט אָנגעהויבן פּיקן מיטן נאָז, אָבער ער האָט זיך דערמאָנט אָן „רשע".

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן און געוואָרפן אַ בליק אויף זיין חבר: צי איז ער ניט איינגעשלאָפן?

דער התפעלותדיקער אויסדרוק פון זיין חברס בלאסן פנים, וואָס איז אויסגעקומען נאָך בלאסער אנטקעגן שיין פון דער לבנה, האָט שטארק פאר־וואונדערט לעאנטיען.

— אַקוראַט ווי אַ משוגענער זעט ער אויס — האָט ער א טראַכט געטאָן און צום בחורל האָט ער געזאָגט:

—סאַראַ גוטסקייט דאָ צוזיצן, ברודערל! פונקט ווי אין אַ וויגעלע, זאָל פעלן אַ האָר! און דער ווינט בלאָזט זיך אזוי צו, ווי ער וואָלט דיך דווקא וועלן איינשלעפערן. און דו, שוואַכינקער, היט זיך. „ער" גנבעט זיך צו ווי אַ שד און... פאַראַכטאָגן האָט ער געפּאַקט אַזאַ יונגנמאַנטשיק ווי דו... אַחוץ

וואָס ער איז אים פאַרפאָרן אין „צאָן-געסעלע”, האָט ער געהייסן אַריינלייגן אים פינף און צוואַנציק.

נאָר דער שוואַכינקער איז איצט געווען ווייט, ווייט פון דער ווירקלעכקייט. ער האָט זיך פאַרגעסן אָן דער גאַנצער וועלט: אָן זיין דינסט, אָן „רשע”. אים איז איצטער אין זינען ניט געלעגן די שמיץ וואָס עמעצער האָט אַנומלטן געקראָגן.

חוצדעם, וואָס ער האָט מורא געהאַט פאַר קלעפּ, אַזוי ווי אַלע פיזיש-שוואַכע מענטשן, האָט אין אים דערפון געלויטן זיין מענטשן-געפיל. ער האָט גע-שפירט, אז דער גאַנצער מענטשלעכער כבוד ווערט דורכדעם געטראָטן מיט די פיס אָן דעם אַליין האָט ער איצט פאַרגעסן. ער איז געווען גאָר אין אַן אַנדער וועלט.

און אַזוי ענטפערנדיק אויף די פראַגעס, וואָס האָבן אים שטאַרק געמאַטערט, האָט ער אַרויסגע-רעדט:

— און די וועלט האָט קיין סוף ניט... און אַזוי פיל אָקעאַנען זיינען דאָ...

— א סך צי א ביסל דאָס איז ניט דיין זאַך.

— ניט מיין זאַך, אָבער איך קוק ארום און עס טראַכט זיך.

טראכט ניט און א סוף! דערויף זײַנען דאָ אָפּיציִרן, זיי לערנט מען אָט די אַלע שטותן פון וועלט-שמעלט...

איטלעכס מענטש מאָג טראַכטן... די נשמה בעט... אָט נעם, למשל, די שטערנס, האָט ווײַטער גערעדט דער שוואכינקער מיט א ציטערדיקן קול, אויפהייבנדיק די אויגן צום הימל... פון דאַנען זײַנען זיי פּיטשינקע, אָבער אין דעראמתן זײַנען זיי מוראדיק גרויס... דער מיטשמאַן *) האָט אָנגעסטן דער-ציילט. און ווייט-ווײַט זײַנען זיי פון אונז, דעריבער קומען זיי דיר אויס אזעלכע מאַנטשינקע... און זיי זײַנען פאַראַן אין די מיליע מיליאַסן! אָט הענגען זיי זיך אין הימל... איינע לעבן די אַנדערע א מאָדנער וואונדער! אָדער נעם, א שטייגער, די לבנה, זי שפּאַצירט זיך אַזוי אַרום איבערן הימל און באַגיסט אונז מיט ליכטיקייט... אָבער פון וואָס איז זי? וואָס איז אין איר? הײַנט גיי ווייס! און מיר שווי-מען דאָ אַרום. ווי פלאָטקעלעך זײַנען מיר דאָך אויף גאָטס וועלטל.

לעאנטי האָט גאָרניט געוואָלט וויסן וועגן אָט די אַלע איידעלע ענינים.

זײַן גאַנץ פריערדיק מאַטראָסן-לעבן האָט זיך

*) א אפיציר איינ׳ א שיפ.

אזוי צונויפגעלייגט, אז ער איז געוואָרן א פּאַט ליסט *). ער האָט געגלייבט ווי „גאָט גיט". אויב דער קאָמאַנדיר איז אַ גוטער מענטש לעבט זיך נשקשה דיק. אויב ניט — מוז מען ליידן. און כדי עס זאָל זיין לייכטער אריבערצוטראָגן די צרות פּלעגט ער זיך אָנשיכּורן ביזן פאַרלירן דעם באַוווסטזיין, און דאמאָלסט האָט זיך אים געדוכט, אז ער איז אַ, פרייער מענטש.

זיינע מחשבות זיינען געווען פון ריין פּראַק טישן כאַראַקטער. זיין שווערע, אהריותפולע אַרבעט פלעגט ער אויספירן טיילווייז פון געוווינשאפט, טיילווייז כדי אויסצומיידן באַשטראָפונג און דעם שוואכינקנס רייד איז אים אויסגעקומען אזוי משונה׳ ווילד, אַז ער האָט געפינען פאַר נייטיק ארויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן דעם.

מיט אן אנטשלאָסנקייט פון א מענטשן, וואָס פארלירט זיך ניט ביי קיין שום געלעגנהייט, האָט ער דרייסט און זיכער אַרויסגערעדט:

גאָט האָט אלץ באַשאַפן ווי עס געהער צו זיין: דעם הימל, די ערד, דעם ים און די שטערנס

---

*) א מענטש, וואס גלויבט אין „מזל", אז בייטש פארקיימען דאס, וואס עס איז „באשערט".

אין אלע לעבעדיקע ברואים. יעטווידער איינציקן האָט ער, גוטער ברודער, באשטימט זיין אָרט און פטור! און אויף די מענטשן האָט ער אָנגעצייכנט: ווער, א שטייגער, זאָל זיין א פריץ און ווער א פשוטער בשר ודם, פארשטייסט צי ניין? מער פאַרטומל זיך ניט קיין קאָפּ און דריי זיך ניט קיין ספּאָדיק מיט דיין פילאָזאָפיע!

דער יונגער מאטראָס איז דורכויס ניט געווען באפרידיקט מיט לעאנטיעס דערקלערונגען, פונדעסטוועגן האָט ער ניט באנייט דעם שמועס.

ס'איז אריבער א פאָר מינוט אין שטילשווייגן.

א מאָדנער ביסט, כ'לעבן! האָט לעאנטי פלוצלונג געזאָגט.

מיט וואָס א מאָדנער?

אָט מיט אלץ. וועגן אלץ ווילסטו זיך דערוויסן און אויף דער הארמאָניק שפּילסטו מיט אַזא מתיקות אז דו ווארפסט אָן אן אומעט אויף דער נשמה, ס'נעמט אַזוי פארן הארצן... וואָס איז פריער געווען דיין טאָן? די ערד באארבעט?

איך בין אַ יתום. א פאסטוך געווען.

ווער האָט דיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן?

— איינער אַליין.

— אַהאַ! און דו ביסט שטענדיק אַזאַ שוואַ־
כינקער געווען?

— שטענדיק.

— ווי אַזוי האָט מען דיך צוגענומען פאר אַ
מאַטראָס?

— מ׳האָט מיך טאַקע ניט געוואָלט נעמען.

— איך זאָג, אַז דו טויגסט ניט צו אַזאַ
מלאכה. פאַרוואָס זשע האָט מען דיך פאָרט גענומען?

— דער פריץ אונזערער האָט זיך איינגעבעטן
בייַם קאַפּיטאַן: „נעמט, זאָגט ער דעם בחור,
איך דאַרף אים ניט”.

—אָט אַ כּלב!—האָט לעאַנטי אויפגערעגט אויס־
געשריען.

— ניין, לעאַנטי! דער פריץ איז געווען אַ
גוטער, ער האָט די פויערים קיין צרות ניט אָנגעטאָן.

—אַ שיינער „גוטער”, ניטאָ וואָס צו ריידן! אַזאַ
שלאַפינקן אַוועקגעגעבן אין פלאָט. דאָס הייסט דאָך:
פטרן אַ מענטשן... און דו וואָלסט זיך פאַר יעדערן
איינשטעלן... ביי דיר איז יעדער מענטש אַ גוטער...
דיך האָט קיינער ניט געזשאַלעוועט און דו פאַר־
ענטפערסט אַלעמען... אַ מאָדנער מענטש ביסטו! און

דער-רשע איז אויך אַ גוטער, וואָס?

— אַ שלעכטער, אָבער ניט פון דער נאַטור נאָר פון נאַרישקייט, אַזוי דוכט מיר... ווען ער וואָלט געווען ביים פולן זינען, וואָלט ער די מאַטראָסן ניט געשטיקט... קומט אויס, אַז מ׳דאַרף אויף אים רחמנות האָבן, וואָס ער האָט קיין פאַרשטאַנד ניט...

— נו, איך וואָלט אויף אַזאַ טייוול קיין רחמנות ניט געהאַט... צוליב אים האָט מען מיך צוויי מאָל די הויט געשונדן. איך זאָג מיך, און ווען ניט? איך וואָלט אים נאָר געכאַפּט אין אַ פינסטערן ווינקל...

— דו וואָלסט אים גאָרנישט געטאָן, — האָט זיכער איבערגעהאַקט דער שוואַכינקער.

—אויב כ׳וואָלט אים ניט געמאַכט מיט א קאָפּ קירצער, איז מיין נאָמען ניט לעאנטי! — האָט אויסגעשריען דער אַלטער מאַטראָס אַ צוהיצטער.

מיר, ברודערל, האָבן ניט איין מאָל אָנגעלערנט די אָפיצירן, אַז זיי פלעגן זיך הרגענען פון העלער הויט... נאָכדעם פלעגן זיי גאָר אנדערע מענטשן ווערן.

אין דערזעלביקער מינוט האָט זיך דערהערט דער קול פון וואך אָפיציר:

— קוק פאָרויס!

—דאָ! מיר קוקן!—האָבןביידע מאַטראָסן גע־ענטפערט מיטאַמאָל.

ס׳איז ווידער געוואָרן שטיל.

III.

און דער מישופדיקער שלאָף האָט זיך שטיל און אומבאַמערקט צו זיי צוגעגנבעט.

לעאנטי האָט מורא געהאַט, זיי זאָלן ביידע ניט אַנטשלאָפן ווערן, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשהלע.

דער יונגער מאטראָס האָט אויפמערקזאַם צו־געהערט. נאָר באַלד האָבן זיינע אויגן ווי מיט אַ נעפּל זיך פאַרדעקט. אין דעם שוואכינקנס אויערן האָט געקלונגען לעאָנטיעס הייזעריקער באַס־קול, אָבער די ווערטער זיינען ווי פאַרשוווּנדן געוואָרן.

און איינגעוויגט פון דער מעשהלע איז דער מאַטראָס איינגעשלאָפן.

לעאנטי איז געווען זיכער, אז זיין חבר הערט אים און ער האָט ווייטער דערציילט וועגן בן־מלך, וועגן זיינע צרות וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין זיין לאַנגן מסוכּנעם וועג, און פּלוצלונג האָט אַ שיין געטאָן אַ גרינער פייער אויף אן אַנטקעגנקו־

מענדיקער שיף.

דער פײערל האָט זיך שנעל דערנעענטערט.

— לאָמיר שרײַען! — האָט לעאנטי געזאָגט צום חבר און זיך װענדנדיק אין דער ריכטונג צום בריקל, האָט ער האַסטיק אויסגעשריען:

— א גרין פײערל לינקס! — און האָט לײַכט אַ שטויס געטאָן זײַן חבר אין זײַאקסל.

דער יונגער מאַטראָס האָט דעמזעלביקן אויס־געשריי איבערגעחזרט מיט א פּאָר סעקונדן שפּע־טער, און האָט מיט אימה א בליק געװאָרפן אויפן גרינעם פײערל.

— כ׳בין אײַנגעשלאָפן!—האָט ער מיט פאַר־צװייפלונג געשעפּטשעט.

דער באַצמאַן איז צוגעלאָפן צו די דיזשורנע.

ער האָט דערלאַנגט דעם שװאַכינקן צװיי קלעפּ איבערן האַלדז און האָט מיט כעס געזאָגט צו לעאנטיען:

— שײנער מענטש, װאָס האָסטו אים געלאָזן פּאָפן? איצטער װעט זײַן אַ ריכטיקע חתונה טײַװאָלים! מער װי צרות האָט מען פון אייך ניט.

— אפשר האָט דער „רשע" ניט באַמערקט, — האָט געזאָגט לעאנטי, מסתמא כדי צו באַרויקן זײַן

חבר, וואָס איז געווען בלייך ווי א טוך.

— ער׳ט ניט באמערקט?—האָט דער באצמאן בײַסיק איבערגעחזרט, אָט לויפט ער שוין אהער.

און ווירקלעך, דער הויכער, געלער אָפיציר האָט זיך שוין מיט גיכע טריט געלאָזן לויפן צום נאָז דער באצמאן האָט זיך אָפגעקערט פון די צוויי מאַטראָסן.

לעאנטי האָט ווידער א קוק געטאָן אויפן שוואַכינקן.

יענער איז געזעסן ניט טויט ניט לעבעדיק, זײַנע ליפּן האָבן געציטערט.

אַ שטאַרקער געפיל פון רחמנות האָט אָנגענומען דעם אַלטן מאטראָס, ווען ער האָט דערזען דעם דאַרינקן, טויטבלאסן יונגן מאַטראָסל, וואָס איז אַ גוטער און אַ מאָדנער און שפּילן שפּילט ער אַזוי הארציק, אַז עס כאַפּט ביי דער נשמה.

ער האָט שטיל, נאָר מיט אַ שאַרפן שטרענגן טאָן געזאָגט צום שוואַכינקן:

—אז דער „רשע״ וועט פרעגן, זאָלסטו שווײַגן! אַז ניט וועל איך דיר ממיתן! פאַרשטאַגען?!

פאַרוווּנדערט פון אזאַ פלוצלונגדיקן שטרענגן טאָן און ניט פארשטייענדיק קיין וואָרט האָט דער

שוואַכינקער דערשראָקן געענטפערט:

— פאַרשטאַנען...

אין דערזעלביקער מינוט איז צו זיי צוגע-גאַנגען דער לייטענאַנט און האָט מיט זיין הויכן, קלינגעדיקן קול אַ פרעג געטאָן:

— ווער פון אייך, לייַדאַקעס, האָט שפּעטער אויסגעשריִען?

— איך, הער אָפיציר! — האָט לעאַנטי גע-ענטפערט.

דער שוואַכינקער האָט ברייט פונאַנדערגע-עפנט די אויגן פון גרויס פאַרוואונדערונג.

— דו, אַלטער שיכור? דו גראָבער חמור ביסט געשלאָפן אויף דער דיזשור?

— איך, הער לייטענאַנט. כ'בין אנטדרימלט געוואָרן.

— היי, באַצמאַן! וועסט אים מאָרגן אַרייַנהאַקן 50 שמיץ. זאָל ער וייטער וויסן ווי מ'שלאָפט.

און דער לייטענאַנט איז גיך אַוועקגעגאַנגען.

— לעאַנטי, וואָס איז דאָס?.. פאַרוואָס?.. — האָט מיט אַ ציטערנדיקן קול אָנגעהויבן דער שוואַ-כינקער.

ער איז געווען אַזוי איבעראַשט, אַז זיינע אויגן

זײַנען פול געװאָרן מיט טרערן.

— כ׳האָב געזאָגט: שװײַג׳ קוק פּאַריס און א סוף אַן עק!

דערנאָך האָט ער צוגעגעבן: — איך שפּײַ אויף די פּופּציק שמיץ. אָבער דו? דו ביסט דאָך בײַ אונז אַ שװאַכינקער. אויף דיר איז דאָך אַ רחמנות...

— נו, אָט גייט דער דאַמפּער! — האָט ער פּלוצלונג אָפּגעהאַקט.

און אין דעראַמתן, באַלד האָט זיך באַװיזן אַ סילועט פון אַ גרויסן אָקעאַן־דאַמפּער מיט דרײַ מאַסטבײמער.

[...] פערטל שעה אַרום איז שוין בולט [...]ן דער דאַמפּער. ער איז געװען אַרומ[...] [...]ט מיטן ברייטן זוים פון זילבער־גלאַנציקן װאַסער.

פײדע מאַטראָסן האָבן שװײַגנדיק געקוקט אויפן דאַמפּער.

דער שװאַכינקער האָט געװישט די טרערן פון די אויגן.

לעאַנטיס פּנים, װאָס איז שטענדיק געװען אַ כמורנער, האָט איצט געשײַנט מיט אַ באַגײַסטער־[...]טער ערנסטקייט.

און די לבנה און די שטערנס האָבן, דוכט זיך, נאָך ליבלעכער, נאָך מילדער אַראָפּגעקוקט פון סאַמעטענעם, טונקלבלויעם הימל.

און דער אַלטער אַלטער אָקעאַן האָט נאָך צאַרטער געקייקלט זיינע מעכטיקע כוואַליעס אין אָט דער ווונדערשיינער טראָפּישער נאַכט, וואָס איז געווען אַן עדות פון אַ גרויסער ליבשאַפט פון אַ מאַטראָסן-האַרץ.

